ד"ר טעאָדאָר הערצעל.

# דער אנטלאפענער

א קאָמעדיע אין איין אקט.

איבערזעצט דורך

מ. ט[illegible]

ווארשע 1921



די בינע שטעלט פאָר אַן עלעגאַנט־מעבלירטע שטוב ביי מאַדאַם פאָן גערדיק.

רעכטס אין װינקל אַ באַלקאָן מיט אַ פענסטער, לינקס — אויך אַזוי, דער הויפּט־אַריינגאַנג. רעכטס פאָרנט אַ דעלעס שטוב, לינקס פאָרנט — די שלאָף־שטוב פון מאַדאַם פון גערדיק. אויף דער בינע רעכטס פאָרנט שטייט אַ שעזלאָנג, אַ טיש (אויף אים אַ טיי־סערוויז און אַ פלעשל) און אויסגעפּעטע שטולן. לינקס שטייט אַ פאַרמאַכטע פּיאַנאָ און אַ קלאַװיר־שטול, דאָ־רויף נאָטן. נישט װײַט פון פּיאַנאָ שטייט אַ טישל אַרומגע־שטעלט מיט אויסגעפּעטע שטולן. הינטן, צווישן דעם הויפּט־אַריינגאַנג און באַלקאָן שטייט אַ קליינער ברענענדיגער אויװן. אויפן אויװן — אַ סאַמאָװאַר. די טירן פאַרהאָנגען מיט שװערע פאָרטיערן, די פענסטער מיט פאָרהאַנגען. אויפן סופיט הענגט אַ קליינע אָנגעצונדענע לאָמפּ. די לאָמפּן און ליכטער אויף דער װאַנט זענען אָנגעצונדן. גלעקלאַך אויף אַלע טישן. אַ חוץ דעם אַ זייגער, אויסגעפּעטע שטולן, בילדער, פיגורן, בלומען, אַלבאָ־מען, מאַקאַרט־בוקעטן און איבערהויפּט אַן עלעגאַנטע איינריכ־טונג.

רעכטס און לינקס פון די שוישפּילער.

# ערשטער אויפטריט.

---

מארגעריטא און אדעלע.

אַ ד ע ל ע לינקס אויף א שטול. דער שטערן ארומגעבונדן מיט א ווייס טיכל. צו זיך: זי האָט נאָך אַפילו נישט בדעה אַרויסצוגיין. מיט מורא גנעדיגע פרוי!

מ אַ ר ג ע ר י ט אַ זיצט אויפן באַלקאָן, מעלאַנכאָליש אָנגעשפּארט דעם קאָפּ אויף די הענט און קוקט אריין דורכן פענסטער: וואָס ווילט איר, אַדעלע?

אַ ד ע ל ע: עס איז שוין נאָך זיבן. אויב איר ווילט נישט אינגאַנצן פֿאַרשפּעטיגן די אָפּערע, גנעדיגע...

מ אַ ר ג ע ר י ט אַ הויבט זיך אויף און קומט פּאַמעלעך אריין: די אָפּערע! דאָס איז מיר גאַנץ גלייכגילטיג!—איך האָב חשק צובלייבן אין שטוב.

אַ ד ע ל ע אונרויִג: איר וועט עס דאָך נישט טון?

מ אַ ר ג ע ר י ט אַ: פֿאַרוואָס נישט, אַדעלע? האָט איר דען עפּעס געגן דעם?

אַ ד ע ל ע: איך האָב נאָר געוואָלט זאָגן, אַז די גנעדיגע פֿרוי וועט זיך דאָך צוליב מיין קאָפּ-ווייטאָג נישט אָפּזאָגן צוגיין אין טעאַטער.

מ אַ ר ג ע ר י ט אַ: ווי פֿילט איר זיך יעצט?

אַ ד ע ל ע: אַביסל בעסער—אַך! שוין ווידער קרעכצט שטיל.

מ אַ ר ג ע ר י ט אַ נעמט פון רעכטן טיש דעם פלאַקאָן: אפשר אייך איינרייבן דעם שטערן מיט עטער?

אַ ד ע ל ע: ניין, ניין, איך דאַנק! איך קען נישט פֿאַרטראָגן דעם גערוך!—עס וועט שוין בעסער ווערן. ווען איר וועט אַוועקגיין, וועל איך מיר צולייגן קאַלטע קאָמפּרעסן.

מ אַ ר ג ע ר י ט אַ: איך האָב דעם איינדרוק, אַז איר ווילט מיך פּטור ווערן.

אַ ד ע ל ע: אַ, וואָס פֿאַר אַ געדאַנק צו זיך צי זאָל זי דען עפּעס פֿאַר-

שטיין! איך איך מיין נאָר, אַז איר אמוזירט זיך זער ווייניג.

**מאַרגעריטאַ:** ווייניג? אינגאַנצן נישט, אַדעלע, אינגאַנצן נישט!

זעצט זיך אויפן שעזלאָנג.

**אַדעלע:** איר גייט נישט אין ערגעץ, פאַרקערט נישט מיט קיינעם!

**מאַרגעריטאַ:** מיין לאַגע ערלויבט עס מיר נישט. אים... אים איז דאַריבער פריילעכער. און דאָך, נאָר ער איז אין דעם שולדיג.

**אַדעלע:** אייער מאַן, גנעדיגע פרוי?

**מאַרגעריטאַ:** איך האָב נישט קיין מאַן, ער עקזיסטירט נישט מער פאַר מיר.

**אַדעלע:** דערפאַר דאַרפט איר טאַקע מער קומען צווישן מענטשן.

**מאַרגעריטאַ:** דערפאַר? איר פאַרגעסט, אַז איך בין נישט קיין מיידל, נישט קיין אַלמנה און נישט קיין גרושה. צו שטאָלץ בין איך, אַז איך זאָל מיך לאָזן טרייסטן פון עפעס אַזאַ הער.

**אַדעלע:** אָבער צו שיין, אַז מענעזאָל אייך אין ערגעץ נישט זען.

**מאַרגעריטאַ:** איר ווייסט דאָך, אַז איך פאַרטראָג נישט קיין קאָמפלימענטן.

**אַדעלע** הויבט זיך אויף גאָר נישט רעדנדיג: ענטשולדיגט, גנעדיגע פרוי.

**מאַרגעריטאַ:** אָ, ער האָט אויך געליבט קאָמפלימענטן.

**אַדעלע:** אייער מאַ... הער פאָן גערדיק?

**מאַרגעריטאַ:** יאָ. ער האָט געהאַט אַזאַ גוטע, אַנגענעמע שטימע, אַזעלכע וואַרימע אויגן און אַזאַ אונטריי הארץ... דער היפאָקריט!

**אַדעלע:** ער האָט געמוזט זיין אַ פאַרפירער.

**מאַרגעריטאַ:** זייט צופרידן, וואָס איר האָט אים נישט געקענט.

ער וואָלט זיך צו איַיך אויך צוגעטשעפּעט—ווי צו יעדער אַנדערער פרוי. און איר וואָלט זיך געמוזט אים אונטער־געבּן—ווי אַלע אַנדערע.

אַדעלע: אָ, נישט אַזוי שנעל.

מאַרגעריטאַ: דאָס איז אָן שום ספק. ער איז אַ מייסטערהאַפּ־טער פאַרפירער. אַך, מיין טייערע אַדעלע, איך בין אַזוי אומגליקליך!

אַדעלע: וואו איז ער דען יעצט?

מאַרגעריטאַ: דאַכט זיך, אין פּאַריז. ער וויילט זיך געוויס נישט ערגער ווי פריער. פון איין זאַך בין איך נאָר צו־פרידן, וואָס ער קאָן נישט מער חתונה האָבן, אַז נישט וואָלט געווען נאָך אַ פאַרפירט מיידל אויף דער וועלט. און דאַ־ריבער האָב איך אים טאַקע נישט געגעבן קיין גט

אַדעלע: און אויב דאָס האַלט אים נישט אָפּ פון אַמוזירן זיך?

מאַרגעריטאַ: וועגן דעם האָב איך ביים פאַרלאָזן זיין הויז נישט געקלערט. און שפּעטער, נישט וועלנדיג מיט אים מער האָבן קיין שום געשעפט, האָבן איך זיך אָפּגעזאָגט צו גט'ן זיך מיט אים.

אַדעלע: און ער האָט זיך קיינמאָל נישט באַמיט...

מאַרגאַריטאַ: וואָס? דערנענטערן זיך צו מיר?

אַדעלע: ניין, צו באַקומען אַ גט.

מאַרגעריטאַ: איך ווייס נישט. אַלע זיינע בריף שיק איך אים צוריק אָפּ פאַרמאַכט.

אַדעלע: ער שרייבט אַלזאָ?

מאַרגעריטאַ: זער אָפט.

אַדעלע: אפשר וויל ער זיך איבערבעטן?

מאַרגעריטאַ: אַזוי מיינט איר? ניין, דאָס איז אויסגעשלאָסן. צו מיר האָט ער מער נישט קיין וועג. ער ווייסט זער גוט, אַז איך וועל אים קיינמאָל נישט מוחל־זיין. איך געהער צו די, וואָס זינדיגן נישט און זענען נישט מוחל.

אַדעלע: נישט קוקנדיג דערויף, וואָס אייער גאַנץ לעבן איז פאַרביטערט?

מאַרגעריטאַ: כאָטש דאָס גאַנצע לעבן איז פאַרביטערט.

דריקט-צו דאָס טיכל צו די אויגן. מען הערט שטיל שפּילן פּיאַנאָ.

אַדעלע אונרויִג. צו זיך: ע׳ גיט מיר אַ צייכן. כאַפּט זיך אָן פאַר קאָפּ אַך, אַך!

מאַרגעריטאַ שטייט אויף: איר הערט, אַדעלע? איבער אונז שפּילט ווער. אפשר אַ יונג פּאָרפאָלק? ער טרוימט אין די בלויע וואָלקנס פון זיין ציגאַרן-רויך, זי שפּילט. וואו זענען די צייטן?—זי שפּילט...

אַדעלע: ווער, זי?

מאַרגעריטאַ: מסתּמא זיין פרוי.

אַדעלע שמייכלט: אַזוי?

מאַרגעריטאַ גייט-צו צום פּיאַנאָ, וויל עפענען:

אַדעלע פאַרשטעלט איר דעם וועג: אַך, איך בעט אייך נישט שפּילן, גנעדיגע פרוי.

מאַרגעריטאַ: פאַרוואָס נישט?

אַדעלע: זייט מיר מוחל, גנעדיגע פרוי, אויב איך האָב מיר צופיל ערלויבט, אָבער מיינע קאָפּ-שמערצן...

מאַרגעריטאַ: איר קאָנט יעצט נישט פאַרטראָגן קיין מוזיק? גוט, איך וועל לעזן.

אַדעלע שנעל: איר האָט דאָך געוואָלט גיין אין טעאַטער, גנעדיגע פרוי! איר דאַרפט זיך דורכאויס אַביסל פאַרווײלן.

מאַרגעריטאַ: ווי איך זע, ווילט איר דורכאויס, אַז איך זאָל אַוועקגיין.

אַדעלע: ווייל איך זע, אַז איר זענט זער טרויעריג. מען דאַרף זיך אַביסל פאַרוויילן.

מאַרגעריטאַ צו זיך: דאָ מוז עפּעס זיין. הויך גוט, איך וועל אייך פאָלגן. דערלאַנגט מיר דעם הוט מיטן מאַנטל.

אַדעלע: גלייך. גייט אין מאַרגעריטאַס צימער.

מאַרגעריטאַ אַליין: זי וויל מיך דורכאויס פטר׳ן. הם, אפשר

ערוואַרט זי װעמען? איך האַלט זי פאַר אַן אָנשטענדיגע פרוי. אויב איך האָב אַ טעות געהאַט, מוז זי אַרויס פון מיין הויז. גײט־צו צום באַלקאָן איך װעל צוריקקומען.

**אַדעלע** קומט אַריין מיטן הוט, מאַנטל און לאָרנעטע: דער פּאָרטיער איז געגאַנגען נאָך דער קאַטש.

**מאַרגעריטאַ** קוקט אַרויס: היינט איז ער נישטאָ.

**אַדעלע** העלפט איר זיך אָנטון: װער, גנעדיגע פרוי?

**מאַרגעריטאַ** דרייט זיך אויס און קוקט אויף אַדעלען: דער הער, װעלכער דרייט זיך דאָ אַרום זייט אַ פּאָר טעג אַדױפקוקנדיג צו אונז. טוט־אָן דעם הוט און קומט פאָרנט אויף דער בינע.

**אַדעלע**: אפשר אַ פאַרליבטער? איך האָב אים קיינמאָל נישט געזען.

**מאַרגעריטאַ**: טאַקי?

**אַדעלע**: קיינמאָל נישט.

**מאַרגעריטאַ**: דאָס דינסטמיידל איז אַרויס, איר װעט אַלזאָ אַליין בלייבן אין דערהיים, אַדיע.

**אַדעלע** טוט איר אָן דעם מאַנטל: די קעכין איז דאָך דאָ. קרעכצט שטיל.

**מאַרגעריטאַ**: זי איז אינגאַנצן טויב. לאָזט קיינעם נישט אַריין. טוט אָן די הענטשקעס.

**אַדעלאַ**: װער דאַרף דען קומען?

**מאַרגעריטאַ**: איך זאָג עס נאָר צוליב פאָרזיכטיגקייט. גײט איך װינש אייך פאַרבעסערונג.

**אַדעלע** באַגלייט זי: אַ דאַנק. אַ פריילעכן אָװנט, גנעדיגע פרוי! ביידע אַרויס דורך דער הינטער־טיר. קליינע פּױזע.

## צװייטער אויפטריט.

אַדעלע אַליין.

**אַדעלע** קומט אַריין. ראַמט אַראָפּ דאָס װאַש טיכל פון טיש. הערט זיך צו דער אָפּפאָרנדער קאַטש. שפּעטער לויפט זי צו צום פּיאַנאָ און

שפילט א פאָר הויכע טאקטן : איך האָב געמיינט, אַז זי וועט שוין דאָ בלײַבן. ביים אַוועקגיין האָט זי מיך עפּעס וואונדערליך אָנגעקוקט. ע, וואָס, זי ווייסט גאָר נישט. אַנדערש וואָלט זי דאָך מיר גאָרנישט געזאָגט וועגן עפּעס אַ הער פון גאַס, ווערלכן איך קען אַפילו נישט. לאַכט דאָס איז געווען אַ פּראָבע !—אָבער וואו איז רעדיגער? שפּילט הויך איך מוז נאָך העכער שפּילן. אפשר הערט ער נישט ? דאָס איז דאָך וואונדערליך... אפשר איז ער אַוועק, ווײַל ער האָט געמוזט צו לאַנג וואַרטן? ער באַליידיגט זיך אַ ליאַדע וואָס. גייט איך מוז זען, צי אין זײַן טיר שטעקט אַ שליסל אָפּ. דאָס צימער בלײַבט א פּאָר מינוט ליידיג.

## דריטער אויפטריט.

האַנס פאָן גערדיץ קומט אַרײַן דורך דער הויפּט־טיר.

האַנס: דאָס איז מיר געלונגען !—אָבער וואו באַהאַלט מען זיך? עפנט די טיר פון אדעלעס שטוב אַ שלאָף־צימער!.. בויזע טריטן— מען מוז אַריין! אָפּ אין אדעלעס שטוב.

## פירטער אויפטריט.

אַדעלע און רעדיגער קומען אַרײַן.

אַדעלע פון דער רעכטער זײַט: איך בין זער בייז.
רעדיגער: ווייל איך בין נישט געקומען גלייך, אַדעלע?
אַדעלע : ווען איך גיב דעם צייכן דאַרף מען באַלד קומען.

רעדיגער: ווער עס לאָזט מיך וואַרטן, דעם לאָז איך אויך וואַרטן. מען מוז ווערן באַשטראָפט: חיל זי קושן.

אַדעלע שטופּט אים אָפּ: מען טאָר נישט קושן!

רעדיגער: איך האַלט פאַר מיין חוב, דיך...

אַדעלע רײַסט איבער: „פער דו" איז נישט ערלויבט!

רעדיגער: אויך נישט? האָסטו מיך אַלזאָ איינגעלאַדן צו לעזן די צייטונג? אָדער אפשר ווילסטו בעסער קלאָפּשטאָקס פּאָעזיע לעזן? זעצט זיך בײַ אויפן שטול לינקס.

אַדעלע: בייזערן טאָר מען זיך אויך נישט! — איבעריגנס, האָסטו מיך געבעטן מיט דיר זיך צו טרעפן און נישט איך דיך.

רעדיגער: איך קאָן אַוועקגיין.

אַדעלע: מיר וועלן זיך וועטן, אַז דו וועסט עס נישט טון.

רעדיגער: אמת. שטייט אויף, שמייכלט איך וועל נישט אַוועקגיין. אָבער פאַר וואָס ביזטו היינט אַזוי שלעכט, אַדעלע?

אַדעלע: ווייל איך בין פון זיך אונצופרידן.

רעדיגער: פון זיך? איך אויך.

אַדעלע: מאַדאַם פאָן גערדיק באַהאַנדלט מיך ווי אַ חבר'טע, און איך נאַר זי אָפּ. איך האָב נישט דערפון קיין ריינעם געוויסן, רעדיגער! און ווען דו זאָלסט זען, ווי איך האָב די טייערע פרוי היינט אָפּגענאַרט, ווי ראַפּינירט. זי האָט אַפילו נישט פאַרשטאַנען מיין האַנדלונג מיט איר.

רעדיגער: דאָס איז אויך אַ טאַלענט, מיין טייערע אַדעלע! יעדענפאַלס מוז איך אויף זיך גוט אַכטונג געבן.

אַדעלע: זיי רויִג. ווען איך זאָל דיך אונטערגיין...

רעדיגער: איז וואָס וואָלט געווען?

אַדעלע: וואָלט איך ווידער געהאַט נישט קיין ריינעם געוויסן.

רעדיגער: איך דאַנק. אַדעלע, צי וואָלסטו נישט געוואָלט בעסער רעדן וועגן אונזער ליבע? דאָס וואָלט געווען קלוגער.

אדעלע: בעסער, אַז דו זאָלסט זיין דקלוגער!
רעדיגער: עס שוועבט מיר עפּעס אויף די ליפּן. עפּעס זי-
טעס. דו ווילסט עס וויסן?
אדעלע: שנעלער!
רעדיגער כאַפּט זי אַרום און קושט זי.
אַדעלע רייסט זיך אַרויס פון זיינע אָרעמס: ביזט אַ שלעכטער! וואָס
האָסטו אויף די ליפּן?—זאָג מיר.
רעדיגער: אַ קוש!
אַדעלע פלוצלינג: פּסט, שטיל! לויפט שנעל צו צום פענסטער
רעדיגער וואָס? אַ קאַטש!
אַדעלע: עס בלייבט שטיין. די מאַדאַם!
רעדיגער: עס איז נישט מעגליך, די אָפּערע איז נאָך נישט
געענדיגט.
אַדעלע: אָבער זי איז עס דאָך—גיי אַוועק!
רעדיגער: איך וויל נישט!
אַדעלע: שנעלער, שנעלער!
רעדיגער: איך האָב מיך טאַקע דערמאָנט, אַז דו האָסט אַ
גרויסן טאַלענט אָפּצונאַרן!
אַדעלע: וואָס ווילסטו דערמיט זאָגן?
רעדיגער: נישט קיין סך. שוין אַ לענגערע צייט, ווי איך
האָב באַמערקט, אַז יעדן אָוונט שטייט געגנאיבער עפּעס
אַ הער און קוקט דאָ אַרויף. אַמאָל האָב איך אים אַפילו
געזען פון דערנאָנט.
אַדעלע: איך ווייס פון גאָרנישט. אפשר ביזטו?..
רעדיגער: אייפערזיכטיג? יאָ, אַדעלע, זער!
אַדעלע: מאַדאַם פאָן גערדיק האָט געוויס עפּעס פאַרגעסן
מעגליך, אַז זי וועט צוריק אַוועק. אָבער יעצט גיי!
שטופּט אים צו דער הויפּט-טיר.
רעדיגער: איך וועל נישט קריגן קיין קוש?
אַדעלע: לאָז מיך אָפּ מיט דיינע פראַגן.
רעדיגער: אַזוי איז בעסער! קושט זי און גייט אַרויס.
אַדעלע שרייט נאָך: איך האָב אַזוי נישט געמיינט, דו געמיי-

נער יונג ! מען מוז פאַרמאַכן די טיר! גייט ארויס און קומט גלייך צוריק עס איז שוין געווען די העכסטע צייט. מען הערט קלונגען פאַרוואָס קומט זי צוריק? אָפּ.

## פינפטער אויפטריט.

### מאַרגעריטאַ און אַדעלע.

מאַרגעריטאַ לויפט ארײַן: אויב ער איז צו איר געקומען, מוז ער דאָ זיין.

אַדעלע קומט ארײַן. צו זיך: זי האָט אַרויסגענומען דעם שליסל פון דער טיר. דאָס טוט זי קיינמאָל נישט.

מאַרגעריטאַ: אַדעלע! טוט אויס דעם מאַנטל.

אַדעלע: גנעדיגע פרוי? העלפט איר צו.

מאַרגעריטאַ: איז דאָ קיינער נישט געווען?

אַדעלע: פאַרזאָרגט קיינער נישט.

מאַרגעריטאַ צו זיך: זי איז פאַרזאָרגט. הויך טוט אייך נאָך דער קאָפּ וויי?

אַדעלע: אַך, זער! קרעכצט.

מאַרגעריטאַ: איר האָט אַראָפּגענומען דאָס טיכל.

אַדעלע: איך האָב מיר געוואָלט מאַכן אַ קאַלטן קאָמפּרעס.

מאַרגעריטאַ: דאָס פּיאַנאָ איז אָפן.

אַדעלע: איך האָב געוואָלט אָפּווישן דעם שטויב.

מאַרגעריטאַ: ביינאַכט?

אַדעלע: ביי דער אַרבייט פאַרגעסט מען די שמערצן. גנעדיגע פרוי, איר זענט נישט געווען אין דער אָפּערע?

מאַרגעריטאַ: ניין. אַדעלע, נעמט דעם לייכטער און לייכט מיר. איך האָב גערעדט מיטן שווייצאַר, האָט ער מיר געזאָגט, אַז עס איז דאָ אַריינגעקומען אַן עלעגאַנטער פרעמדער הער. אפשר האָט ער זיך באַהאַלטן.

אַדעלע: אַ גנבֿ?

מאַרגעריטאַ: איך מיין, אַז ער איז נישט קיין גנב, אָנ־
דערש וואָלט איך דאָך מיטגענומען דעם שוו···אַר. איך
וויל אייך נישט פאַרשעמען, פרייליין בוימאַן. לייכט
מיר.

אדעלע נעמט תיינענדיג דעם לײַכטער: איר באַ׳עולה׳ט מיך, גנע־
דיגע פרוי. דאָ האָט זיך קיין פרעמדער הער נישט באַ־
האַלטן.

מאַרגאַריטאַ: מיר וועלן זען גייען אַרײַן אין מאַרגעריטאַס שטוב און
גלײַך צוריק.

אַדעלע: איר זעט, גנעדיגע פרוי!

מאַרגעריטאַ ווײַזט אויף איר טיר; ווייטער גייען אַרײַן אין אַדעלעס
שטוב. מען הערט אַ הויכן געשריי.

## ועקסטער אויפטריט.

מאַרגעריטאַ, אַדעלע און האַנס.

אַדעלע קומט אַרײַן די ערשטע מיטן לײַכטער אין דער האַנט. תּחינס.
גנעדיגע פרוי, איך בין אונשולדיג.

מאַרגעריטאַ שטייט צווישן האַנסן און אַדעלען.

האַנס: אפשר וועט זיין גענוג. מיין ערן־וואָרט, אַז דאָס פריי־
ליין האָט וועגן מיין אָנוועזנהייט גאָרנישט געוואוסט,
און אַז...

אַדעלע: אַ שיינער ערן־מאַן, וואָס גנב׳עט זיך אַריין ביינאַכט
אין יענעמס וואוינונג! גנעדיגע פרוי, איך שווער אייך
ביי אַלעם וואָס איז הייליג, אַז — איך קען דעם מענטש
גאָרנישט.

מאַרגעריטאַ רוהיג דערפאַר קען איך אים.

אַדעלע פאַרוואונדערט: איר?

מאַרגעריטאַ: גייט אין אייער שטוב אַריין, און מאַכט זיך

אַ קאַלטן קאָמפּרעס. מיר דאַכט זיך, אַז איך האָב אייך פאַלש חושד געווען. גיט איר די האַנט.

אַדעלע: יאָ, אַזוי דאַכט זיך. צו זיך זי איז זער שטרענג—אָבער פאַר אַנדערע. גייט אין איר שטוב.

## זיבעטער אויפטריט.

### מאַרגעריטאַ און האַנס.

מאַרגעריטאַ שליסט־צו די טיר פון אדעלעס שטוב און ווענדט זיך צו האַנסן, חנ׳זנדיג אים די הויפּט־טיר אַדיע!

האַנס: איך דאַנק דיר, מאַרגעריטאַ, וואָס דו האָסט מיר גע־גלויבט.

מאַרגעריטאַ: גענוג. איך האָב אייך גאָרנישט וואָס צוזאָגן. איך פאַרשטיי אייער געדאַנק. אַלע אייערע באַמיִונ־גען זענען אומזיסט. שלום איז צווישן אונז אויסגע־שלאָסן.

האַנס: ווער זאָגט דיר... ע, אייך, אַז איך וויל שלום? איך בין אַהערגעקומען אַזוי שפּעט, נישט וועגן דעם.

מאַרגעריטאַ חנ׳זט־אָן אויף אדעלעס שטוב: אַלזאָ דאָך? זי איז זער שיין — איך האָב זי באַלד געדאַרפט פון דאַנען אַרויס־יאָגן.

האַנס: דאָס איז ענליך צו אייפערזוכט.

מאַרגעריטאַ לאַכט איראָניש: איר זאָגט דאָס ערנסט? אייערע ליבשאַפטן אַרן מיך זער ווייניג, דאָך קאָן איך עס נישט פאַרטראָגן אין מיין הויז. מאַכט אַ פּאָר טריט צו אדעלעס שטוב.

האַנס: בלייבט איבער. איך האָב אייך געגעבן מיין ערן־וואָרט, אַז דאָס פרייליין איז אונשולדיג. איר מעגט מיר גלויבן.

מאַרגעריטאַ: פון יוען אָן?
האַנס: כאָטש נאָר יעצט.
מאַרגעריטאַ: זאָל זיין אַזוי. זעצט זיך אויבן שלאַנג אויב איר זענט אַלזאָ נישט געקומען נישט צו מיין פריילין און נישט וועגן שלום, אַלזאָ?..
האַנס: ...אַלזאָ ווילט איר וויסן?..
מאַרגעריטאַ: מיט וואָס איך האָב פאַרדינט אויף דעם כבוד!
האַנס: הם... דאָס איז שווער צו ערקלערן.
מאַרגעריטאַ: אַך, איך ווייס, איר ווילט אַ גט. גוט, איך בין מסכים.
האַנס: מיטן גרעסטן דאַנק נעם איך אָן דעם פאָרשלאַג.
מאַרגעריטאַ: עס איז נישטאָ פאַרוואָס. מיר זענען שוין ערלעדיגט?
האַנס: ניין, נאָך נישט, ווייל נישט דאָס איז געווען דער צוועק פון מיין שפעטער וויזיט.
מאַרגעריטאַ: איר מאַכט מיך שוין נייגעריג צו וויסן, דעם צוועק פון אייער וויזיט.
האַנס: איר וועט מיר נאָך מודה זיין אַזויפיל טאַקט, אַז איך זאָל דאַרפן ווי עפּעס אַ שלעפּער אין אַזאַ שפּעטער שעה אַהער-קומען, אום אייך מיטן גט...
מאַרגעריטאַ: איבערצושרעקן?
האַנס: ניין, פאַרשאַפן פאַרגעניגן האָט איר געוואָלט זאָגן. איך האָב עס דאָך געקאָנט ערלעדיגן דורך אַן אַדוואָקאַט אָדער שריפטליך.
מאַרגעריטאַ: אמת. אַלזאָ וואָס ווילט איר?
האַנס: איך וויל אייך בעטן, מיר ערלויבן דאָ איבערצונעכטיגן.
מאַרגעריטאַ (שפּרינגט אויף): איר זענט משוגע? מיין וואוינונג איז נישט קיין האָטעל.
האַנס: איך וועל מיר דאָ אין אָט דעם סאַלאָן רויג איבער-וואַרטן ביז מאָרגן. שפּעטער, געבנדיג אייך מיין ברכה

וועל איך גיין שיקן דעם אַדוואָקאַט, וועלכער וועט ער־לעדיגן אונזער גט...

מאַרגעריטאַ: פון דעם וועט גאָרנישט ווערן.

האַנס: פון וואָס, פון גט?

מאַרגעריטאַ: ניין, פון אייער איבערגעלט, סיגן דאָ!

האַנס: און אויב איך וועל דאָ בלייבן?

מאַרגעריטאַ: וועל איך מוזן רופן דעם שווייצאַר צו הילף.

האַנס: איך וועל איס זאָגן, אַז איך בין אייער מאַן.

מאַרגעריטאַ: און איך וועל זאָגן, אַז עס איז נישט אמת.

האַנס: דער אַלטער דינער וועט זיך דאָ זער גוט ווייזן, קוקנ־דיג אויף דער פאַמיליען-מלחמה.

מאַרגעריטאַ: איר ווילט מיך צווינגען צו אַ סקאַנדאַל?

האַנס: אָ, דאָס איז פאַר מיר יעצט דאָס ערגסטע, ווייל מען זוכט מיך.

מאַרגעריטאַ: מען זוכט?

האַנס: אויב איר האָט נאָך כאָטש אַביסל מיטלייד פאַר מיר, בעט איך אייך מיך פון דאַנען נישט אַרויסצויאָגן.

מאַרגעריטאַ: וואָס האָט איר ווידער געטון?

האַנס: עפּעס אַזוינס, וואָס איך קאָן עס אַלע זאָגן, אַ חוץ — אייך.

מאַרגעריטאַ: אַ חוץ מיר? ווידער אַ וויץ!

האַנס: אַ טרויעריגער אמת!

מאַרגעריטאַ: שוין אַלענגערע צייט, ווי איך בין נישט איי־ער ריכטערין.

האַנס: איך ווייס, אַז איר האָט אַ גוט האַרץ. איר וועט דאָך נישט אַרויסגעבן אַן אַנטלאָפענעם זיינע פאַרפאָלגערס, אַלצאיינס, צי ער איז אייער מאַן, אָדער ער איז גע־ווען.

מאַרגעריטאַ: קודם-כל מוזט איר מיר ערקלערן...

האַנס: ניין, קודם-כל מוזט איר מיר צוזאָגן, אַז איר ער־

לויבט מיר דאָ צו בלייבן ביז מאָרגן. אויב נישט, וועל איך פרייוויליג גיין און זאָלן מיך מיינע פאַרפאָלגערס כאַפּן. וויל ארויסגיין.

מאַרגעריטאַ: האַנס... גייט נעבן אים אריבער הער פאָן גער־דיק !

האַנס: איך קאָן בלייבן?

מאַרגעריטאַ: יאָ, און יעצט ערקלערט מיר!- זעצט זיך.

האַנס גייט פאָרנט אויף דער בינע: דאָס אַלץ וואָס איך וועל אייך זאָגן, קאָן געשען מיט איין באַדינגונג, אַז איך מוז אייך זיין גאַנץ גלייכגילטיג.

מאַרגעריטאַ: דאָס איז אַלץ? איר מעגט זיין זיכער, אַז עס איז אַזוי.

האַנס: איך מוז אייך זיין דער ערשטער בעסטער, ווערכנס חטאים איר וועט גלייכגילטיג אורטיילן, ווייל ער איז אייך פרעמד. שלעכט זענען נאָר די אורטיילן פאַר די נאָנט-שטייענדיגע.

מאַרגעריטאַ: די דאָזיגע באַטראַכטונג שיינט מיר צושטאַמען פון אייערע איבערלעבענישן.

האַנס: עס איז נאָר מעגליך אין דעם פאַל, אויב איך האָב עפּעס ענליכעס איבערגעלעבט. אָבער נישט וועגן דעם גייט מיר. איך וויל אייך בעטן, אַז איר זאָלט זיין גאַנץ נייטראַל.

מאַרגעריטאַ: מיין נייטראַליטעט איז אייך געזיכערט. איר זענט מיר זער גלייכגילטיג, פּונקט אַזוי ווי איך וואָלט אייך גאָר קיינמאָל נישט געזען. איך וואָלט געוואָלט... מיט איין וואָרט, איר וועט מיר שוין יעצט זאָגן?

האַנס: יאָ. פאַרזאָרגט איך אַנטלויף פאַר אַ פרעמדן מאַן...

מאַרגעריטאַ שטייט אויף: דאָס איז גוט! און איר ערלויבט זיך נאָך צו קומען ביי מיר שוץ זוכן!

האַנס: איך בין דאָך אייך גלייכגילטיג, ווי איר וואָלט מיך קיינמאָל נישט געזען! צי דען גט'ן מיר זיך נישט מאָרגן?

מאַרגעריטאַ: צלץ איינס. איך בעט אייך שוין פאַרלאָזן מיין וואוינונג.

האַנס: איר האָט דאָך מיר ערלויבט דאָ צו בלייבן.

מאַרגעריטאַ: ווער זאָל דען קלערן וועגן אַזאַ מאוסן פער-ראַט?

האַנס: צי דען זאָגט מען דאָס, דעם ערשטן בעסטן? איר הייבט מיך אָן באַהאַנדלען ווי אייער מאַן.

מאַרגעריטאַ: איך האָב אפילו נישט בדעה אייך מאַכן פאָר-וואורפן, אָבער דאָך האָט איר צו מיר נישט באַדאַרפט קומען.

האַנס: איך האָב נישט געהאַט קיין אַנדערן אויסוועג.

מאַרגעריטאַ: וואָס הייסט?

האַנס: דאָס טויער איז פאַרמאַכט. איך האָב נישט געקאָנט אַרויס. עס האָט מיר געדראָט אַן ענטדעקונג. באַהאַלטן האָב איך זיך געמוזט. ווער זאָל וויסן, אַז איר וואוינט דאָ. ערן-וואָרט, אַז עס איז מיר זער אונאַנגענעם.

מאַרגעריטאַ: אַלזאָ, דאָ אין הויז?

האַנס: איבער אייער וואוינונג. איר מאַן איז אומגערעכט אַהיים-געקומען, וואָס האָב איך געקאָנט מאַכן?

מאַרגעריטאַ: אַ פלינקער פליכטלינג.

האַנס: דאָס האָט קיין שייכות נישט מיט פלינקעריי. אין אַזעלכע פאַלן מוז מען געדענקען וועגן דער געפאַר, וואָס דראָט דער פרוי.

מאַרגעריטאַ: אייערע געליבטע זענען ווערט, מען זאָל זיי באַ-דויערן!

האַנס: איר האַלט נישט אייער וואָרט, גנעדיגע פרוי, עס דאַכט זיך, אַז אַזוי אַרום ווילט איר מיך פטור ווערן.

מאַרגעריטאַ: איר זענט גערעכט. איך וויל אייך, דאָס לעצטע מאָל אין אייער לעבן ווייזן, ווער עס איז מאַרגעריטאַ פאָן גערדיץ. גייט=צו צום סאַמאָוואַר ווילט איר אפשר טיי?

האַנס: אויב איר ווילט אַזוי גוט זיין...

מאַרגעריטאַ שטעלט אַוועק דעם סאַמאָוואַר אויפן טישל אין דער זייט:
איך באַטראַכט אייך פאַר מיין גאַסט — כאָטש איר זענט אַליין געקומען.
האַנס: און וואָס האָב איך געזאָגט? דו ביזט אַ גאָלדענע פרוי, מאַרגעריטאַ!
מאַרגעריטאַ: איך פאַרווער אייך אַזוי צו רעדן.
האַנס: זאָל איך צו אייך רעדן אַזוי ווי צו אַ פרעמדע?
מאַרגעריטאַ: אַן איבעריגע פראַגע! ווען נישט דאָס, וואָס איר זענט מיר גאַנץ פרעמד, וואָלט איך אייך געהייסן אַרויספירן.
האַנס לאַכט: ניין, ניין, אַזוי איז מיר בעסער! זעצט זיך ביים טישל ווי שיין דאָס וואָלט געווען, ווען מיר זאָלן קיינמאָל נישט חתונה-האָבן.
מאַרגעריטאַ: איך באַדויער עס אויך.
האַנס: מיר פאַכן צו זיך נישט צו. איר זענט קאַלט, איך בין הייס. אייז און פייער. און וואונדערליך, דאָס אייז איז נישט צעשמאָלצן געוואָרן...
מאַרגעריטאַ: און דאָס פייער ברענט זיך ווייטער.
האַנס: צי דען מיינט איר, אַז אין אמת'ן איז די סיטואַציע נישט קיין געפערליכע?
מאַרגעריטאַ: פאַר וועמען?
האַנס: פאַר אַזאַ יונגע און שיינע, אָדער אַנדערש געזאָגט, רייצנדע פרוי...
מאַרגעריטאַ: איך דאַנק, איך דאַנק!..
האַנס: וועלכע איז צוקריגט מיט איר מאַן און געפינט זיך שפעט ביינאַכט מיט אַ ווילד-פרעמדן הער טעט—אַ טעט.
מאַרגעריטאַ קוקט אויף אים שטרענג: איך האָב נישט קיין מורא.
האַנס: קוקט נישט אויף מיר מיט אַזאַ שטרענגן בליק—מיט אַ בליק פון אַ לייב. דאָס איז אַפילו אַלעמאָל געווען אייער ספעציאַליטעט. איך ווייס נישט, צו איר ווייסט, אַז איי-

ער בליק איז ענליך צום בליק פון אַ לייב!

מאַרגעריטאַ: איך מיין, אַז דאָס איז די ספעציאַליטעט פון יע־
דער אַנשטענדיגער פרוי.

האַנס: איך האָב עס יעדנפאַלס נאָך ביי קיין שום פרוי נישט
באַמערקט.

מאַרגעריטאַ: מיר דאַכט זיך, אַז איר האָט איבערהויפט ווײ־
ניג באַציונגען מיט אַנשטענדיגע פרויען. וואָס וואָלט
איר מיט זיי געטון?

האַנס: איך בין עס עפנטליך מודה, אַז פון אַ לענגערע צייט
געפון איך פאַר נויטיג, דעם שוואַכערן געשלעכט...

מאַרגעריטאַ: צו זיין אינטערגעוואָרפן?

האַנס: נישט צו זיין פון מאַרמאָר. נאָר איין איינציגעס מאָל
אין מיין לעבן מיט אַ גרוס האָב איך אַ מאַרמאָרשטיינערנע
געטין פאַרגעטערט.

מאַרגעריטאַ: איר האָט אָבער אויך די מאַרמאָרשטיינערנע
געטין פאַרראַטן. ביטע טיי. דערלאַנגט אים און נעמט זיך, דאַן
זעצט זי זיך אויפן שעזלאָנג.

האַנס נעמענדיג: איך דאַנק.

מאַרגעריטאַ: איך האָב נאָך קיינמאָל אייער דאַמע נישט גע־
זען. איך האָב נישט ליב זיך באַקענען מיט שכנים. זי
איז שיין?

האַנס: יעדנפאַלס נישט אַזוי שיין ווי איר, פרוי קעני־
גין!

מאַרגעריטאַ: עס איז אַ סימן פון שלעכטן געשמאַק, ווען אַ
גאַסט צאָלט מיט קאָמפלימענטן.

האַנס: איך זאָג דעם אמת. איר זענט אין אמת'ן שענער גע־
וואָרן ווי מען האָט זיך געקאָנט ריכטן.

מאַרגעריטאַ אירָאָניש: איך בין אין זיבעטן הימל.

האַנס: עס איז עפּעס זיסעס און גוטעס אין אייער אָרט, וואָס
פאַרבעסערט אייער שטרענגען מאַיעסטעט.

מאַרגעריטאַ: דאָס איז אַ געוועגליכער טרויער פון אַן
אַלמנה!

האַנס: ניין, דאָס איז נישט קיין שטעלונג! דאָס שטאַמט פון דער טיפקייט פון אייער נשמה, אַזוי ווי דער ניבעלונ-גען-אוצר, וועלכן מען קאָן זען לייכטן דורך די שטילע פּאַליעס...

מאַרגעריטאַ: איר פּרובירט אייערע כחות אין דער פּאָ-עזיע?

האַנס: און ווען איך מוז נאָך זאָגן, אַז דעם אוצר האָב איך געהאַט און פאַרלוירן, צוליב מיין אייגענער שולד פאַר-לוירן...

מאַרגעריטאַ: צי איז די טיי זיס?

האַנס פּראָבירט: ניין. צוליב מיין אייגענער שולד.

מאַרגעריטאַ: ביטע, דאָ איז צוקער. איך ערלויב אייך וועגן אַלעם צו רעדן אַ חוץ וועגן דעם, וואָס איז צווישן אונז פאָרגעקומען. ווייל דאָס איז דער וועג, וואָס וועט צווינ-גען ווייזן אייך די טיר.

האַנס: אונזער יעצטיגע לאַגע איז די וואונדערליכסטע, וועגן וועלכע מען קאָן נאָר קלערן. וועגן וואָס זאָלן מיר רעדן? וועגן וואָס קאָנען רעדן מענטשן, וואָס האָבן זיך צוויי יאָר נישט געזען? צוויי לאַנגע יאָרן, מאַר... ע, גנעדי-גע פרוי. די פאַרגאַנגענהייט בלייבט מיר שטיין פאַר די אויגן, דאָס זענען געווען גאָלדענע און זיסע צייטן.

מאַרגעריטאַ: איר דאַרפט נישט צו זוכן קיין טעמע, איך גיי שוין סיי-ווי-סיי אַוועק!

האַנס: שוין אַזוי שנעל?

מאַרגעריטאַ: און מאָרגן אין דערפרי וועט איר מיר שיקן אייער אַדוואָקאַט.

האַנס: מען קאָן מיינען, אַז איר איילט זיך מיטן גט.

מאַרגעריטאַ: גאַנץ מעגליך, אַז טאַקי יאָ.

האַנס: צי האָט איר שוין אַן אַנדערן קאַנדידאַט אין זינען? איך ווייס, אַז איך האָב נישט קיין רעכט צו דער פראַ-גע, אָבער דאָך — בעט איך אייך מיך צו ענטפערן. איך

בין דאָך שוין נישט מער אייער מאַן, אָבער אַ פריינד וועל איך אייך אַלע מאָל בלייבן. איך קאָן אייך אפשר מיט עפּעס אַן עצה דינען.

**מאַרגעריטאַ:** אַ קאָמישער געדאַנק.

**האַנס:** איך וועל אייך געבן אַ גוטן ביישפּיל, איך וועל אייך דערציילן מיינע איבערלעבעניטן.

**מאַרגעריטאַ:** אייער ערציילונג וועט געוויס זיין פאַר יוגענד פאַרווערט.

**האַנס:** ווען איך האָב אייך... ענטשולדיגט, איך האָב געוואָלט זאָגן, ווען איר האָט מיך פאַרלאָזן, איז מיר געוואָרן זער אומעטיג, אַרום און אין זיך. מען האָט מיך אַפילו נישט געקאָנט טרייסטן.

**מאַרגעריטאַ:** אַ? און די פרוי בערגען? וואָס איז געוואָרן מיט דער שיינער אלמנה, צוליב וועלכער מיר זענען זיך פונאַנדערגעגאַנגען?

**האַנס:** אין דער זעלבער מינוט בין איך זיך אויך מיט איר פונאַנדערגעגאַנגען.

**מאַרגעריטאַ:** איר מיט איר?

**האַנס:** יאָ, איך מיט איר.

**מאַרגעריטאַ:** דאָס איז מכתמא פאָרגעקומען נישט איבער-קלערנדיג. ווי מען האָט מיר דערציילט, איז זי געווען פאַר אייך פונקט ווי צוגעפּאַסט. זי איז דאָך געווען פריילין, קאָקעטיש, פיקאַנט און ווער ווייסט וואָס נאָך? מיר דאַכט זיך, אַז עס פעלן אַ סך אויסדריקן, אום צו קאָנען רעדן וועגן אַזעלכע.—האָט איר באַלד געפונען אַן ערזאַץ?

**האַנס:** אַנשטאָט יענע? טויזנט מאָל.

**מאַרגעריטאַ:** מיר דאַכט זיך, אַז ווען איר זאָלט מיר וועלן דאָס אַלץ דערציילן, וואָלט איר נישט פאַרטיג געוואָרן ביז מאָרגן פרי.

**האַנס:** איך בין פאַר די אַלע פרויען מיט אַ העסליכקייט פאַר-בייגעגאַנגען. איך האָב שוין גענוג געהאַט יענע.

מאַרגעריטאַ! יאָ, דאָס איז אמת, איר האָט ליב אָפּט צו-ענדערן. ווי האָט אויכגעזען די אַנדערע?

האַנס: איך פאַרדין אויף חוזק. ווען איר זאָלט אָבער וויסן, ווי איך האָב באַדויערט, אַך, ווי זער, ווי זער!

מאַרגעריטאַ: דאָס אינטערעסירט מיך נישט. דערציילט ווייטער.

האַנס הויבט זיך אויף: איך האָב אַרומגערייזט אַן שום פּלאַן. און עפּעס אַ שרעקליכע בענקשאַפט, אַזאַ שרעקליכע...

מאַרגעריטאַ: אַהאַ, דאָס וואָס הייסט בענקשאַפט נאָך עפּעס אַן אומבאַקאַנטע זאַך.

האַנס: ניין, דאָס איז געווען אַ בענקשאַפט צו אַ באַקאַנטע פערזאָן. דאָס איז אויך געווען די בענקשאַפט נאָך גליק, וואָס איז אַמאָל געווען מיין אייגנטום. ענדליך בין איך דאָ אַהערגעקומען, אַ פאַרמאַטערטער פון בענקשאַפט, און איך...

מאַרגעריטאַ: און איר האָט ענדליך דערקענט די קעניגין פון אייער האַרץ.

האַנס: וואָס פאַר אַ קעניגין?

מאַרגעריטאַ: פאַרגעסליכער פליכטלינג! די דאַמע פון אויבן.

האַנס: אַך, יאָ!

מאַרגעריטאַ: דעם אמת זאָגנדיג, האָט איר מיך יעצט אָפּגענאַרט. איך האָב געמיינט, אַז די לעבנס-געשיכטע פון אַזאַ דאָן שואַן וועט זיין אינטערעסאַנטער. איך האָב געזען פאַר מיינע אויגן אַ גאַנצן באַרג מיט צובראָכענע נשמות, און איר האָט מיר פאָרגעשטעלט צוויי—אויב פאַרשטייט זיך, די שיינע אלמנה פרוי בערגען האָט עס אויך געהאַט. איר האָט געוויס צוליב עקאָנאָמיע אויפגעגעבן אַזוי ווייניג?

האַנס: דאַכט זיך, אַז צופיל. איך האָב נישט גערעכנט מער ווי עס איז געווען. מיין אָפנהערציגקייט האָט אויך אייך געדאַרפט צוציען. איר זענט צו יונג און צו גוט אום צו בלייבן פאַרלאָזן. ווער איז אַלזאָ מיין נאָכפאָלגער?

מאַרגעריטאַ: איך האָב נאָך נישט אויסגעקליבן. די ערפאַ-

רונגען האַלטן מיך אָפּ פון אייז'ן זיך.

האַנס: ער וועט זיין גליקליך.

מאַרגעריטאַ: ווי איך זע, שטעלט איר מיר אויס אַ גאַנץ גוטן דיפּלאָם.

האַנס: ווען איך דערמאָן זיך, ווי גוט יענע צייטן זענען געווען. אויב עס האָט מיר עפּעס וויי געטון, דאַן איז נאָר דאָס, וואָס דו, מאַר... ענטשולדיגט, וואָס איר, גנעדיגע פרוי, זענט געווען צו קאַלט.

מאַרגעריטאַ טרוימעריש: נישט אַלע האָבן זייערע הערצער אין מויל.

האַנס: צי פאַרשטיי איך גוט?

מאַרגעריטאַ קאַלט: איך מיין, אַז עס זענען דאָ אַזעלכע קאַלטע און צוריקגעהאַלטענע נאַטורן, פאַר וועלכע די ליבע איז אַלעמאָל פרעמד. עס איז מעגליך, אַז דאָס איז נור דערפאַר. וואָס זיי זענען צו איר נישט פעיִג.

האַנס זיפצט: אָבער די וואָס בענקן נאָך איר, די וואָס דאַרפן צו זייער לעבן די קליינע ערשיינונגען פון ליבע, די פאַרבלאָנדזשען צו אַן אַנדערע, ביי וועלכע זיי וועלן עס געפונען אָן ליבע.

מאַרגעריטאַ: צי האָט עס אייך אויך געטראָפן?

האַנס: אָן ספק, יאָ.

מאַרגעריטאַ שטימט-אויף און חישט אָפּ בגנבה אַ טרער.

האַנס: איידער איך האָב נאָך חתונה געהאַט, האָט מיר אַמאָל דערציילט מיינער אַ פריינט, וואָס איז נאָר-וואָס געווען נאָך דער חתונה, וועגן זיין גליק. די פרוי רופט אים „נאַרישער פריץ!" און ווי לאַכנדיג און גערירט ער האָט דאָס דערציילט! און ער איז גאָרנישט געווען נאַריש. שפּעטער האָב איך וועגן דעם אַ סך געקלערט. אין דער צערטליכקייט האָט געאָטעמט דאָס געפיל.—איר האָט מיך קיינמאָל נישט גערופן „נאַרישער האַנס!" און איך בין דאָך געווען אַ נאַר, נישט קאָנענדיג אָפּשאַצן מיין גליק! מאַרגעריטאַ!

מאַרגעריטאַ גיט פּאַמעליך אַריבער אויף דער צווייטער זייט: וואָס ווינטשט איר, מיין העד?

האַנס: איר דרייט זיך אויס פון מיר אונווילליג?

מאַרגעריטאַ: ניין.

האַנס: זאָגט אַליין, צי זענען דאָס נישט געווען גאָלדענע צייטן? מיר האָבן זיך ביידע געליבט, דאָס הייסט איך האָב אייך געליבט! ווייל אויב איר וואָלט מיך אייך ליב געהאַט, וואָלט איר מיר מוחל געווען מיין פעלער, וואָס איך האָב געמאַכט. ליבע איז אַלץ מוחל. און דאָך, דאָס בלוטן פון איינעם פון אונז וואָלט געווען גענוג, אום אונזער לעבן צו באַצירן. דאָס זענען אונפאַרגעסליכע צייטן.—איך דערמאָן זיך, ווי איך בין דאַן געזעסן אויפן פּאָטעל און געחלומ׳ט וועגן אַ הויכע פרוי, וואָס איז געווען מיין ווייב און דערביי איז זי געבליבן קיל און אונצוטרעטליך. און ווען איר האָט מיך געוואָלט נאָך טיפער אַריינפירן אין דעם צויבערוואַלד, האָט איר מיר דאָס אַלטע ליד געשפּילט... וואַרפט זיך אויפן פּאָטעל און דעקט צו דאָס פּנים מיט די הענט.

מאַרגעריטאַ זעצט זיך ביים פּיאַנא און שפּילט.

האַנס: יאָ, יאָ, דאָס זעלבע! אָ, דאָס איז גוט... גייט־צו שטיל צו איר, און קושט איר די האָר.

מאַרגעריטאַ הייבט אָן צו לאַכן גליקליך, דערמאָנט זיך עפּעס און שפּרינגט אויף בייז: אומפאַרשעמטער!

האַנס: מאַרגעריטאַ!

מאַרגעריטאַ: איך בעט גלייך פאַרלאָזן מיין שטוב!..

האַנס: אָבער ערלויבט אייך זאָגן... מען הערט קלינגען.

מאַרגעריטאַ: גייט אַרויס אָדער איך הייס אייך...

האַנס: אויב איר האָט נישט מער קיין רחמנות איבער אַן אַנט־לאָפענעם...

מאַרגעריטאַ: ניין! מען הערט שטאַרק קלינגען.

האַנס: איך וויל אייך אַלץ דערציילן.

מאַרגעריטאַ: מער קיין וואָרט. ווייזט מיטן פינגער אין דער הויך

איר האָט וואַרשיינליך געוואָלט אָפּנאַרן אייער כלה מיט אייער ווייב. מען הערט ווידער קלינגען וואָס איז דאָס, מען קלינגט?

**האַנס** מאַכט אַ פּאָר טריט: איך וועל זען.

**מאַרגעריטאַ** איבערגעשראָקן: ניין, איר וועט דאָ בלייבן! איך וועל אַליין... גייט אַרויס דורך דער הויפּט־טיר, לאָזנדיג זי אָפן.
ווער איז דאָס?

**רעדיגער** הינטער די קוליסן: רעדיגער אייער שכן פון אויבן.

**מאַרגעריטאַ** לויפט אַריין איבערגעשראָקן: דער הער פון אויבן! באַהאַלט אייך!

**האַנס**: נאָך וואָס?

**מאַרגעריטאַ**: איר פרעגט נאָך? ער זאָל אייך, ער איז שוין אויף די שפּורן! דאָ! ווייזט אים אַן אויף דער זייטן־טיר אונטער דעם פּאָרטיער. זי באַהאַלט אים אונטער דעם פּאָרטיער זייט דאָ רויג. לינקס אָפּ.

**האַנס**: גוט.

## אַנדער אויפטריט.

### די פּאָריגע און רעדיגער.

**רעדיגער**: פּאַרצייט מיר ניסט גנעדיגע פרוי, וואָס איך בין ניסט אַזוי שפּעט צו אייך געקומען, איך בין אייער שכן פון אויבן. קוקט זיך אַרום.

**מאַרגעריטאַ**: עס פרייט מיך זער!

**רעדיגער**: איך מוז אייך ערקלערן. װיל ניסן ניין, איך בין זער אומגליקליך. ניסט דעם קאַטער האָב איך יעצט אין הויז געקריגן, וואַרטנדיג אויף דעם פּאָדלעק.

**מאַרגעריטאַ** ווייסט ניסט וואָס צו זאָגן: איך פאַרשטיי גאָרנישט.

**רעדיגער**: גלייך. ווייזט אָפּ די נאָז אַ באַשעפעניש, וואָס איך האָב ליב מער ווי זיך אַליין, אָ, דאָס אַליין זאָגט שוין אַ סך! זי האָט מיך אָפּגענאַרט אויף אַ מאוס'ן אופן. צי שפּירט

איר מיין ווייטאָג?
מאַרגעריטאַ: אָ, יאָ.
רעדיגער: איך דאַנק אייך. איר זענט אַזוי גוט. איך בעט אייך צו ענטפערן מיר אויף דער פראַגע—דאָס גליק פון מיין לעבן הענגט דערפון גיסט אָפּ. צי איז ביי אייך געווען ווער מיט אַוויזיט? פאַרצייט מיר פאַר מיין דרייסטקייט—אָבער דאָס גליק פון מיין לעבן. צי איז ביי אייך געווען עפּעס אַ הער?
מאַרגעריטאַ: ניין.
רעדיגער תּיסט אָפּ די טרערן: איך האָב אויך אַזוי געקלערט. גיסט דער שווייצאַר האָט מיר געזאָגט, אַז עס איז אַריינגעקומען אין הויז אַ פרעמדער מענטש. אין דעם הויז זענען דאָ דריי וואוינונגען. איינס איז ליידיג, ביי מיר איז ער נישטאָ. דאַריבער האָב איך אים געוואָלט כאַפּן אויף די שטיגן. אָבער דאָרט איז אַזוי קאַלט. גיסט דאָס איז פאַר מיר אַ שרעקליכער קלאַפּ, גנעדיגע פרוי. איך מוז אים הרג׳ענען.
מאַרגעריטאַ איבערגעשראָקן: דאָ איז ער נישטאָ.
רעדיגער: ווען איך האָב געהערט שפּילן פּיאַנאָ האָב איך פאַרשטאַנען, אַז ער איז דאָ. גיסט דאָ מוז ער זיין.
מאַרגעריטאַ: אָבער ווען איך זאָג אייך...
רעדיגער רײַסט איבער: מסתּמא ווייסט איר נישט, מען האָט אים געוויס ערגעץ באַהאַלטן. מאַכט צופעליג אַ טריט צו דעם פּאָרטיער, אונטער וועלכן האַנס איז באַהאַלטן.
מאַרגעריטאַ פאַרהאַלט אים: ביטע מיר גלויבן, אַז דאָ איז קיינער נישטאָ.
רעדיגער: אָבער איר קאָנט דאָך נישט וויסן.
האַנס גייט אַרויס פון הינטער דעם פּאָרטיער: עס איז מיר דאָ צו הייס.
רעדיגער: ער איז דאָ! גיסט שטאַרק.
מאַרגעריטאַ שטעלט זיך צווישן זיי, פאַרשטעלנדיג האַנסן מיט זיך.

רעדיגער: מיין הער, וואָס טוט איר דאָ?
האַנס: נישט אייער עסק.
רעדיגער: אַזוי? איר ווייסט געוויס נישט ווער איך בין.
איך בין רעדיגער, דער שכן פון אויבן. גיסט.
האַנס: טרינקט אויס קאַמילען-טיי, דאָס וועט אייך בעסער מאַכן.
רעדיגער: דאָס זאָל אייך נישט אַרן.
מאַרגעריטאַ צו האַנסן שטיל: רייץ אים נישט. ער וועט דיך הרג'ענען.
רעדיגער: די גנעדיגע פרוי האָט נישט געוואוסט וועגן אייער אַנוועזנהייט דאָ. איך דערקען אייך. דאָס זענט איר, דער הגר, וואָס דרייט זיך דאָ שוין אַ לענגערע צייט אַרום, ווען עס ווערט פינסטער. איר—זענט אָבער אַ געווענליכער גנב... גיסט.
האַנס: צום געזונט! איך בין נישט קיין געווענליכער גנב.
רעדיגער: איר זענט געוויס דאָ געווען ביי עפּעס אַ דאַמע?
האַנס: אַ קלוגער מענטש, ער האָט גלייך פאַרשטאַנען ביי וועמען איך בין געווען.
רעדיגער: איר באַשטעטיגט? די גנעדיגע פרוי איז עס נישט געווען, אַלזאָ ווער?
האַנס: נו, טרעפט!
מאַרגעריטאַ: דערמאָנט זיך פלוצלינג: איך ווייס שוין. ביי מיין פריילין.
רעדיגער: אָטעמט אָפּ: איך וועל זי קאָנפראַטירן!
מאַרגעריטאַ אײַלט זיך צו אַדעלעס ט'ר, רופט: אַדעלע! שנעלער, אַדעלע!
רעדיגער ווישט אָפּ טראַגיש די נאָז און גייט איבערן צימער אַהין און אַהער.

# ניינטער אויפטריט.

## די פּאָריגע און אַדעלע.

די סיטואַציע:

רעדיגער — רעכטס, מאַרגעריטאַ — בײַ זײַן לינקער האַנט.
האַנס — לינקס, אדעלע — ביי זיין רעכטער האַנט.

מאַרגעריטאַ ביי דער טיר, שטיל צו אַדעלען: אויף אַלעם זאָלט איר ענטפערן יאָ.

רעדיגער: אָט איז זי אויך.

מאַרגעריטאַ: אַדעלע, איז דער הער ווייזט אויף האַנסן געווען ביי איך?

אַדעלע. ביי מיר צו מאַרגעריטאַן שטיל איר פּאָדערט פון מיר אַ צו גרויסן אָפּפער.

מאַרגעריטאַ שטיל, דאָ גייט וועגן לעבן פון דעם מענטש.

אַדעלע הויך: יאָ.

רעדיגער. ער איז געווען ביי איך?

אַדעלע. יאָ ביי מיר.

רעדיגער דעקט צו דאָס פּנים.

אַדעלע שטיל צו מאַרגעריטאַ: איר ווייסט נישט וואָס פאַר אַן אָפּפער איך האָב אייך געבראַכט.

מאַרגעריטאַ שטיל: איך וועל אייך אָפּדאַנקען, אַדעלע.

אַדעלע שטיל: דאָס איז אונמעגליך.

רעדיגער צו האַנסן: ווען מיר זאָלן נישט זיין אין אַ פרעמדער וואוינונג, וואָלט איך אייך גלייך געהרג'עט.

האַנס: איר ווייסט וואָס עס פאַלט אויס...

רעדיגער: מיר מוזן זיך שלאָגן.

מאַרגעריטאַ: נאָך דער ערקלערונג?

רעדיגער: ערשט יעצט!.. גיסט אויף טויט און לעבן!

האַנס: הער... ע, ווי הייסט איר אייגנטליך? איר זייבט מיך שוין אָן לאַנגווײַלן.

רעדיגער: איך וועל אייך באַלד פּאַרווײַלן, צו אדעלען איך

דאַנק גאָט, וואָס איך האָב אייך פאַר דער צייט דער־
קענט. שטעלט זיך צווישן מאַרגעריטאַ און אדעלע דאָ איז אייער
רינגעל. ביטע מיר אָפּגעבן מיינס! אדעלע גיט אים מיט געחיין
דאָס רינגעל צוריק.

מאַרגעריטאַ: פאַרלאָבונגס-רינגעל?

רעדיגער: איך האָב מיט איר געוואָלט חתונה-האָבן, אַזאַ נאַר!
ביסט.

מאַרגעריטאַ. און אייער ווייב?

רעדיגער. וואָס הייסט? איך בין אַ בחור.

מאַרגעריטאַ קוקט אויף האַנסן. איר אַ ב—ח—ו—ר?

האַנס: איך מוז די זאַך אויפקלערן. גנעדיגע פרוי, איר וועט
באַוויליגן מיינע ווערטער, ווי ווייט עס איז מעגליך באַ־
שטעטיגן. איך זאָג אייך צו, גלייך נאָכדעם זיך דערוויי־
טערן פון אייך. צו רעדיגער איך בין האַנס כאָן גערדיק.
און יעצט בעט איך די גנעדיגע פרוי באַשטעטיגן, וואָס
פאַר אַ שייכות מיר האָבן צווישן זיך?

מאַרגעריטאַ דאָס איז מיין מאַן.

רעדיגער: וואָס? און איר האָט זיך פאַר מיר באַהאַלטן?

האַנס: דאָס איז געווען אַ זעלטענער צופאַל. פרוי גערדיק
האָט אויף מיר אַרויפגעלייגט אַ פאַרדינטע שטראָף, מיט
מיר נישט צו וואוינען. אַלע פרואבן וועגן פאַרשטענדיגן
זיך זענען געווען אָן ערפאָלג. זי האָט אַפילו מיינע
בריף נישט געוואָלט עפענען. איך האָב מורא געהאַט,
אַז זי וועט פון מיר פאָדערן אַ גט. אום איר דאָס אומ־
מעגליך צו מאַכן—ווייל איך קאָן אָן איר נישט לעבן—
האָב איך זיך דאָ צרייגעגנב'עט מיטן אויסרייד, אַז איך
באַהאַלט מיך פאַרן מאַן, וואָס וואוינט אויבן—דאָס הייסט
פאַר אייך.

רעדיגער: פאַרוואָס?

האַנס: איך זאָל דאָ קאָנען בלייבן ביז מאָרגן, ווייל דאַן וואָלט
איך זיך געקאָנט פאַררופן פאַרן געריכט, אַז זי איז
מיר מוחל געווען, און פון גט וואָלט גאָרנישט געוואָרן.

**רעדיגער:** אַדעלע, און איר האָט זיך אַליין באַשולדיגט?
**אַדעלע:** אום צו ראַטעווען דעם גוטן נאָמען פון מיין מאַדאַם.
**רעדיגער:** צופיל עדלמוט. גיב מיר דיין פאַרלאָבונג-רינג צוריק, דאָ איז מיינס. ניסט.
**מאַרגעריטאַ:** ווי גוט איר זענט. אַדעלע!
**רעדיגער** אוועקגייענדיג: איך וועל שוין גיין, איך בעט נאָכאַמאָל אום ענטשולדיגונג.
**מאַרגעריטאַ:** איר קאָנט באַגלייטן אייער חתן!
**רעדיגער** שטיל צו אדעלען: אָבער קושן קאָנען מיר זיך נישט היינט. איך האָב אַ קאַטאַר.
**אַדעלע** שטיל צו רעדיגערן: דאָס מאַכט נישט אויס. ביידע גייען ארויס דורך דער הויפט־טיר לאַכענדיג

## צענטער אויפטריט.

### מאַרגעריטאַ און האַנס

**האַנס:** נו, יעצט איז מיר נאָר געבליבן אַוועקצוגיין. איך זע, אַז דאָס איז געווען פון מיין זייט אַ ברוטאַלער מיטל אייך צו זיך דערמ׳ט צו צובינדן. נאָר אייער גוטער ווילן קאָן מיר מוחל זיין. איר זענט פריי. זיי געזונט, מאַרגעריטאַ! װיל אוועקגיין.
**מאַרגעריטאַ:** האַנס! אוי, דו נאַרישער האַנס!
**האַנס** קערט זיך צוריק פאלט אין אירע אָרעמס: מאַרגעריטאַ!
**מאַרגעריטאַ:** יעצט וועל איך שוין וויסן, ווי אַזוי דיך צו זיך צובינדן, דו--פליכטלינג.

פאָרהאַנג.

# וויכטיג פאר שולען און בוכהענדלער!!

עס איז ערשינען פאלגענדע מעשה'לעך פאר קינדער

## פון יעקב רייזפעדער:

1) צוויי שוועסטערלעך

2) דער ברילאנטענער פרינץ

3) די קינדער פון קעלער-שטוב

4) דאס יונגעלע און זיין סאמאווארעל

5) דער אורח

6) צוויי סוחרים

קירצליך ערשיינען פון דרוק פאלגענדע ווייטערדיגע נומערן:

7) חיים'ל . . פון יעקב רייזפעדער

8) דער אוצר אין שניי „

9) די פוטער מיטן קינד „

10) דאס מזל'דיגע פישעלע פון יואל מאסטבוים

און אנדערע אריגינעלע מעשה'לעך, ווי אויך א רייהע אויסדערוועלטע זאכען פאר קינדער פון די בעסטע אייראפעאישע שריפטשטעלער.

אדרעס פון פארלאג: ווארשע, שליזקע 34 וואנ. 20.

Wyd. „MYTN SZTROM" Warszawa, Śliska № 34 m. 20.